פלוג-שריפטען פאר'ן פאלק.
No. 1.

י. א. ניידיטש.

# פָאלְקְס-מַעֲשֹר

## דער יסוד פֿון אונזער בעפֿרייאונג.

אַרויסגעגעבען פֿון

צענטראַל-ביוראָ פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן,

לאָנדאָן, ה'תר"ף.

גערדוקט ביי י. נאַראָדיצקי, (טרייד יוניאָן), 48 מייל ענד רויד, לאָנדאָן, איסט.

27

פלוג-שריפטען פאר'ן פאלק.
No. 1.

י. א. ניידיטש.

# פָאלְקְס־מַעֲשֵׂר

## דער יסוד פֿון אונזער בעפֿרייאונג.



ארויסגעגעבען פֿון

צענטראַל-ביוראָ פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן,

לאָנדאָן, ה'תר"ף.

געדרוקט ביי י. נאַראָדיצקי, (טרייד יוניאָן), 48 מייל ענד רויד, לאָנדאָן, איסט.

# פאָלקס־מעשר

## דער יסוד פון אונזער בעפרייאונג.

I.

די היסטאָרישע בעשלוסען פון דער שלום־קאָנפערענץ אין סאַן-רעמאָ, וועלכע האָבען עפענטליך-רעכטליך פראָקלאַמירט ארץ-ישראל אַלס דאָס נאַציאָנאַלע היים פונ'ם יודישען פאָלק, האָבען געלייגט דעם גרונדשטיין פאַר אַ נייע ליכטיגע עפאָכע אין דער יודישער געשיכטע. אַ גרויסע בעגייסטערונג האָט אַרומגענומען אַלע קרייזען פונ'ם יודישען פאָלק. אין דעם דאָזיגען גליקליכען מאָמענט הערשט איבעראַל דער שטאַרקער נאַציאָנאַלער רצון זיך צו נעהמען מיט דער נייטיגער פאָלקס-ענערגיע צו דער פערווירקליכונג פון די גרויסע היסטאָרישע מעגליכקייטען.

די מעגליכקייטען צו מאַכען דעם גרויסען אָנהויב פאַר דעם אויפבוי פון ארץ ישראל, זיינען אין פאַרלויף פון די דאָזיגע צוויי יאָהר געוועזען זעהר בעשרענקטע. מעגליכקייטען זיך תיכף צו נעה-מען צו דער אַזוי לאַנג ערוואַרטעטער מאַסען-אימיגראַציע זיינען איבערהויפט ניט געוועזען. די בעדינגונגען פון דער מיליטערישער אָקופאַציע, וועלכע הערשען ביז איצט נאָך אין ארץ ישראל, האָבען דערצו געפיהרט, אַז קיין שום גרויסע צוקונפטסרייכע אַרבייט, וועלכע זאָל לעגען דעם גרונדשטיין פאַר דער נייער סאָציאַל-פאָליטישער עפאָכע פונ'ם לאַנד האָט ניט געקענט אַדורכגעפיהרט ווערען. דאָס איינציגע, וואָס מיר האָבען געקענט טהון איז געוועזען, צו בעגנוגע-נען זיך מיט קלענערע קאָלאָניזאַטאָרישע אַרבייטען, אָבהיטען און ווי ווייט מעגליך צו פערשטאַרקען די עקסיסטענץ פונ'ם ישוב, און וואַרטען ביז די עפענטליך־רעכטליך־אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע פון ארץ ישראל וועט דורך דער פריעדענס-קאָנפערענץ בעשטימט ווערען.

אין דער צייט ווען מיר האָבען געמוזט זיצען אין אונטעטיגקייט, זייענדיג אָהנמעכטיג צו עפענען פאַר די יודישע מאַסען די טויערען פון זייער נאַציאָנאַלער היים, אין דערזעלבער צייט האָט זיך אינ'ם לעבען פונ'ם יודישען פאָלק אָבגעשפּיעלט איינע פון די גרוילּיכסטע און שרעקליכסטע טראַגעדיעס. אַ בלוטיגע פאָגראָם-כוואַליע האָט זיך

פֿאַרנאַנדערגעגאָסען איבער דעם גאַנצען מזרח-יודענטהום. אין אוק-ראַינע זיינען צעהנדליגער טויזענדער יודען אויסגעקוילעט געוואָרען, גאַנצע יודישע קהלות זיינען חרוב ונחרב געוואָרען. די שרעקליכסטע איבערלעבענישען פֿונ׳ם יודישען פֿאָלק אין מיטעלאַלטער ווערען פֿערבלייכט אין פֿערגלייך מיט די אונערהערטע גרויזאַמע רציחות, וועלכע ווערען ביז׳ן היינטיגען טאָג נאָך פֿאָרטגעזעצט פֿאַר די אויגען פֿון דער גאַנצער אייראָפּעאישער קולטור-וועלט. אין די צייטען פֿון מיטעלאַלטער האָבען די גע׳רודפ׳טע יודען לכל הפחות געהאַט די מעגליכקייט צו אַנטלויפֿען פֿון זייערע פֿערפֿאָלגער און זוכען צופֿלוכט און רוהע אין אַנדערע לענדער. אין די צייטען פֿון דער אייראָפּע-אישער קולטור איז דעם פֿערפֿאָלגטען יוד דער דאָזיגער חסד אייך ניט פֿאַרגוּנען. אַלע גרעניצען און לענדער זיינען פֿערשפּאַרט. אַזוי זיינען מיליאָנען יודען, אַ גאַנץ פֿאָלק, געצוואונגען צו פֿערבלייבען אין דעם גיהנום, וואַרטענדיג און זיך צוקוקענדיג, ווען די תלינים וועלען זיך נעהמען צו זיי, ביז די שחיטה-רייהע וועט קומען צו יעדע־רען פֿון זיי. אַזוי געהען אונטער גרויסע יודישע מאַסען, שטאַרבענדיג פֿון מאָרד און פּיין, פֿון הונגער און נויט. מיט טרויער און שמערץ קוקט דאָס גאַנצע יודישע פֿאָלק זיך צו צו די דאָזיגע ווילדע סצענעס, אָהנמעכטיג צו ראַטעווען אונזערע אומגליקליכע ברידער און שוועסטער. געוויס, דאָס יודישע פֿאָלק האָט אַרויסגעלאָזען געוואַלדיגע וועה-געשרייהען צו דער גאַנצער וועלט. אין ניו-יאָרק, לאָנדאָן און אין אַנדערע שטעדט האָבען זיך הונדערט טויזענדער יודען פֿעראייניגט צו גראַנדיעזע מיטינגען און פּראָטעסט-דעמאָנס-טראַציעס. אויף די פֿעראַנשטאַלטער פֿון די שחיטות, סיי די אוק-ראַינער, סיי די רוסישע פֿרייוויליגע, האָבען די דאָזיגע פּראָטעסטען קיין שום איינפֿלוס ניט. דאָס יודישע בלוט גיסט זיך ווייטער טיי-כענווייס. אייןַ איינציגער הילף-רוף הערט זיך פֿון דעם דאָזיגען גיהנום: מיר ווילען לויפֿען! און אַזוי האָט יעדע ידיעה איבער די נאָהענטע אויסוואַנדערונגס-מעגליכקייטען קיין ארץ ישראל אַרויסגערופֿען אַ שאַטען פֿון פֿרייד און האָפֿנונג צווישען די דאָזיגע אומגליקליכע מאַסען. דער דאָזיגער געדאַנק איז געוואָרען פֿאַר זיי דער איינציגער ליכט-שטראַהל אין זייער פֿינסטערען לעבען, זייער איינציגער טרייסט, וועלכער גיט זיי קראַפֿט אַריבערצולעבען די אונמענשליכע וועלישע

און קערפּערליכע ליידען אין דער האָפֿנונג אויף בעסערע צייטען.

איין זאַך איז פֿאַר אונז אַלעמען קלאָר: אַ גיבע הילף פֿאַר אונזערע אומגליקליכע יודישע פֿאָלקסמאַסען קענען מיר ברײנגען נאָר דענסט-מאָל, ווען מיר שאַפֿען די מעגליכקייט פֿאַר הונדערטער טויזענטער יודען אויסצוואַנדערען אין דער נאָהענטער צוקונפֿט. פֿאַר אונז איז דערפֿאַר וויכטיג צו וויסען, וואָס פֿאַר אַן אַנטהייל קען דער ציוניזם נעהמען אין דער לעזונג פֿון דער דאָזיגער פֿראַגע. קיין ספק ניט, די יודישע מאַסען ערוואַרטען הילף פֿון ציוניזם. געוויס, איז דער ציוניזם ניט ביכולת צו זיין דאָס שנעלע הילפֿסמיטעל געגען די יודישע קאַטאַסטראָפֿעס. אָבער פֿון דער אַנדערער זייט איז אונז קלאָר, אַז דער ציוניזם קען און מוז איצט זיין אַ צופֿלוכטס-האַפֿען פֿאַר די יודישע פֿאָלקסשיכטען, פֿאַר וועלכע די אויסוואַנדערונגס-מעגליכקייט איז די איינציגע האָפֿנונג פֿון זייער לעבען. אונזער פּראָגראַם איז פֿאַר אונז דערפֿאַר אַ קלאָרער: אויב מיר ווילען ברײנגען אַ גיבע הילף פֿאַר'ן יודישען פֿאָלק, פֿאַרווירקליכען זיינע האָפֿנונגען אויף אַ געזיכערטער צוקונפֿט אין זיין נאַציאָנאַלער היים, מוזען מיר אַלץ טהון, כדי אָנצוהויבען אין דער נאָהענטער צוקונפֿט אַ מאַסען-אימיגראַציע קיין פּאַלעסטינאַ.

מיר שטעהען איצט אין דער גרויסער היסטאָרישער שעה פֿון דער פֿערווירקליכונג פֿונ'ם ציוניסטישען אידעאַל. די דערפֿרייהענדע בשורה פֿונ'ם בעשלוס פֿון דער שלום-קאָנפֿערענץ צו מאַכען ארץ ישראל פֿאַר דעם נאַציאָנאַלען היים פֿונ'ם יודישען פֿאָלק, שטעלט אונז אַוועק פנים אל פנים פֿאַר די אונגעהייערליכע מעגליכקייטען. עס וועט ניט לאַנג געדויערן און דאָס לאַנד וועט ווערען געעפֿענט פֿאַר אַ גרויסען עמיגראַנטען-שטראָם. מיר ווילען באַלד שטעהען פֿאַר דער דרינגענדער פֿראַגע ווי אַזוי אָנצוהויבען די רעאַליזירונג פֿון אונזערע פּלענער, וועלכע זאָלען ברײנגען אַ בעפֿרייאונג פֿאַר אונזער פֿאָלק און לאַנד.

גראָד איצט, בעת די באַלפֿור-דעקלעראַציע איז געוואָרען אַ טייל פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַלען שלום-טראַקטאַט, בעת ארץ ישראל איז עפֿענטליך-רעכטליך אַנערקענט געוואָרען אַלס דאָס נאַציאָנאַלע היים פֿונ'ם יודישען פֿאָלק, גראָד איצט ליגט אויף אונז דער חוב אונאויפֿהערליך צו דערמאָנען אונזערע ברידער, אַז די

אייגענטליכע שאַפֿענדע און אויפֿבויענדע קראַפֿט פֿון אונזער צו־קונפֿט ליגט דאָך אין אונז אַליין. קיין שום אָפֿיציעלע אַנערקענונג וועט אַליין ניט אויפֿבויען אונזער לאַנד אויב מיר אַליין וועלען ניט אָרגאַניזירען אַלע אונזערע כחות און זיך נעהמען פֿאַר אונזער נאַציאָנאַלער בעפֿרייאונג, גרייט צו יעדען קרבן און צו יעדער מסירות-נפש'דיגער אַרבייט. קיין שום מאַכט אין דער וועלט איז ניט ביכולת צו ברייגגען אַ פֿאָלק אויפֿבוי און בעפֿרייאונג, אויב דאָס פֿאָלק אַליין זאַמעלט ניט אַלע זיינע מאָראַלישע און פֿינאַנציעלע ענערגיען צו גרויסע טהאַטען. מיר מוזען אַריבערגעהן פֿון געפֿיהלען צו מעשים, פֿון רצון צו אַ געוואַלטיגער אַקטיווִיטעט. די יודישע פֿאָלקס-מאַסען מוזען געבראַכט ווערען צום באַוואוסטזיין, אַז די פֿערווירקליכונג פֿונ'ם בעשלוס פֿון דער פֿריעדענס-קאָנפֿערענץ ליעגט הויפּטזעכליך אין זייער אייגענער קראַפֿט.

## II.

נעהמענדיג אין בעטראַכט דעם דאָזיגען גרויסען מאָמענט, מוזען מיר פֿעסטשטעלען פֿאָלגענדע טאַטזאַכען, ערשטענס: אַלע פּראָיעקטען אויפֿצובויען ארץ ישראל דורך אַ לאַנגזאַמע זעהר פֿאַר־זיכטיגע אימיגראַציע וועלען איצט בשום אופן ניט קענען אַדורכגע־פֿיהרט און איינגעהאַלטען ווערען. די מאַסען, וועלכע אַנטלויפֿען פֿון די בלוטיגע לענדער אין מזרח אייראָפּאַ, וועלען ניט נעהמען אין בעטראַכט קיין שום הינדערנישען און אויסוואַנדערונגס-הזהרות. די אָרגאַנאַזירונג פֿון אַ מאַסען אימיגראַציע איז דערפֿאַר די איינציגע נויטווענדיגע און לאָגישע אַקציאָן, מיט וועלכער אונזער נאַציאָנאַלע אַרבייט מוז זיך איצט בעשעפֿטיגען. אַ צווייטער וויכטיגער מאָמענט איז די פֿינאַנץ-פֿראַגע. אין אונזערע אַמאָליגע פֿינאַנץ-פּראָיעקטען בנוגע צו ארץ ישראל האָט געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע דאָס קאַפּי־טאַל פֿונ'ם מזרח-יודענטהום. מיר האָבען געוואוסט און געזעהען, וועלכע גרויסע געלד-קרבנות דאָס מזרח-יודענטהום איז גרייט צוזאַ־מענצובריינגען פֿאַר'ן אויפֿבוי פֿון ארץ ישראל. די דאָזיגע קאַפּיטאַ־לען אויף ווי ווייט זיי זיינען ניט אויסגערויבט און פֿערניכטעט געוואָרען, זיינען נאָך דעם איצטיגען אייראָפּעאישען געלד-קורס כמעט ווערטהלאָז. דער גרעסטער טהייל פֿון יודישען פֿאָלק איז אַלזאָ ניט

ביכולת צו נעהמען וועלכען ניט איז בעדייטענדען פֿינאַנציעלען אַנטהייל אין דעם גרויסען בנין פֿון לאַנד. די דאָזיגעביידע פֿאַקטען מוזען מיר נעהמען אין בעטראַכט בעת מיר קומען אויסאַרבייטען אונזער אַרבייטס־פּלאַן פֿאַר דער נאָהענטער צוקונפֿט.

דעם פּראָגראַם פֿון די נאַציאָנאַלע אַרבייטען און אונטערנעהמונגען, די געגנויע אויפֿצעהלונג פֿון די גרויסע עפֿענטליכע אַרבייטען, וועלכע וועלען קענען אַדורכגעפֿיהרט ווערען מיט דער הילף פֿון דער ווייטער דערמאָנטער סומע, וועלען אונזערע פֿאַבלייט און אונזערע אויטאָריטאַטיווע אינסטאַנצען אויסאַרבייטען. איך האַלט דאָ פֿאַר מיין אויפֿגאַבע צו בעהאַנדלען די פֿראַגע, ווי אַזוי און מיט וועלכע וועגען און מיטלען קענען מיר לייזען אונזער שווערען פֿינאַנץ־פּראָבלעם.

כדי צו שאַפֿען אין ארץ ישראל די בעדינגונגען, וועלכע זאָלען דערמעגליכען אַדורכצופֿיהרען די אימיגראַציע פֿון עטליכע צעהנדלינג טויזענד יודען יעדעס יאָהר איז, לויט די אויסרעכנונגען פֿון אונזערע אויטאָריטאַטיווע פֿאַבלייט, נויטווענדיג צו שאַפֿען אַ קאַפּיטאַל פֿון 25 מיליאָן פֿונט שטערלינג. איינע פֿון די ברענענדיגסטע פֿראַגען איז און מוז פֿאַר אונז דערפֿאַר זיין די פֿראַגע: ווי אַזוי שאַפֿען מיר דעם דאָזיגען נויטווענדיגען קאַפּיטאַל?

כדי צו דערגרייכען די סומע פֿון 25 מיליאָן פֿונט ווערען פֿאָרגעשלאָגען צוויי דרכים. איין צד גלויבט, אַז נור דורך אַ נאַציאָנאַלער הלואה, וועלען מיר זיין ביכולת צו בעקומען דאָס נויטיגע געלד, בעת דער אַנדערער צד פֿערטרעט דעם שטאַנדפּונקט, אַז דאָס איינציגע מיטעל איז, צו פֿערלאַנגען אַ פּרייוויליגע נאַציאָנאַלע געלדזאַמלונג. לאָמיר בעטראַכטען די דאָזיגע ביידע פֿאָרשלאָגען.

די אידעע פֿון אַ נאַציאָנאַלער הלואה איז נאַטירליך און לאָגיש בנוגע צו אַ פֿאָלק, וועלכעס לעבט אויף זיין אייגען גרונד און באָדען. דאָס פֿאָלק פֿערמאָגט פֿערשידענע נאַציאָנאַלע גיטער און אין זיין רשות געפֿינען זיך פֿערשידענע הכנסות, שטייערען און זאָנסטיגע נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַלען. אָבגעזעהענדיג אַלע די דאָזיגע גיטער און הכנסות אָדער אַ טהייל פֿון זיי אַלס אַ משכון, אַלס די נויטווענדיגע גאַראַנטיעס, קען אַ פֿאָלק אונטער אַזעלכע נאָרמאַלע בעדינגונגען רעאַליזירען זיינע נאַציאָנאַלע הלואות. עפֿענטליכע הלואות אָהן אַזעלכע גאַראַנטיעס עקסיסטירען ניט און קענען גאָר ניט

געמאַכט ווערען. מיר מוזען זיך אַלזאָ פֿרעגען, צו קענען מיר איצט אין ארץ ישראל ערפֿילען די דאָזיגע בעדינגונגען? ניט לאַנג טראַכטענדיג וועלען מיר מוזען זאָגען: ניין. די איינציגע פֿאָלקס-גיטער אין ארץ ישראל זיינען איצט די לענדערייען פֿונ'ם יודישען נאַציאָנאַל-פֿאָנד. אחוץ דעם, וואָס לויט די גרונד-שטאַטוטען פֿונ'ם יודישען נאַציאָנאַל-פֿאָנד טאָר מען די דאָזיגע גיטער און פֿאַרמען ניט אָבגעבען אַלס משכנות, איז זייער צאָהל זעהר קליין און זיינען לחלוטין ניט גענוג צו בילדען די גאַראַנטיע פֿאַר וועלכע ניט איז בעדייטענדע עפֿענטליכע הלואה.

איינע פֿון די וויכטיגסטע יסודות פֿאַר יעדע נאַציאָנאַלע הלואה איז די פּינקטליכע יעהרליכע אויסצאָהלונגען פֿון די צינזען. צו וואָלטען מיר געוועזען ביכולת פּינקטליך צו דערפֿילען די דאָזיגע התחייבות? אפילו די שטאַרקסטע אָנהענגער פֿון דער אידעע פֿון אַ נאַציאָנאַלער הלואה ערקלעהרען בפירוש, אַז פֿריהער ווי אין צוואַנציג יאָהר אַרום קענען מיר ניט רעכנען צו האָבען די מעגליכקייט אויסצוצאָהלען די דאָזיגע צינזען. פֿאַר יעדען, וועלכער האָט די קלענסטע ידיעה אין הלכות עפֿענטליכע הלואות, איז קלאָר, אַז ניט בעקומענדיג אויסגעצאָהלט די צינזען אין פֿערלויף פֿון די ערשטע צעהן יאָהר, מעג מען אויך דעם קרן בעטראַכטען אַלס אַ פֿערלוירענעם קאַפּיטאַל.

אָבער שוין ניט רעדענדיג וועגען די צינזען, לאָמיר זיך פֿרעגען צו זיינען מיר ביכולת צוריקצוצאָהלען אין די ערשטע יאָהרען דעם קרן גופא? אויך אויף דער דאָזיגער פֿראַגע וועלען מיר מוזען ענטפֿערען: ניין. מיר טאָרען ניט פֿערגעסען, אַז דער גרעסטער טהייל פֿונ'ם געלד פֿון דער נאַציאָנאַלער הלואה וועט מוזען פֿערווענדעט ווערען אויף אונטערנעהמונגען, וועלכע וועלען אונז קיין שום הכנסות ניט ברייגגען און וועלען אויך פֿערשלינגען גרויסע טהיילען פֿון דעם קרן. די גרויסע יודישע מאַסען, וועלכע וועלען אימיגרירען קיין ארץ ישראל, וועלען מוזען בעאַרבייטען ניט-קולטיווירטע קרקעות, וועלכע וועלען קענען דערנעהרען זייערע בעאַרבייטער ערשט נאָך אַ משך פֿון יאָהרען. מען טאָר אויך ניט פֿערגעסען, אַז מיר הויבען אָן צו בויען דאָס לאַנד אין אַ צייט פֿון די שווערסטע פֿינאַנציעלע קריזיסען און פֿון גרויסע יקרות-בעדינגונגען, וועלכע וועלען

שטאַרק בעריהרען דעם קאַפּיטאַל פֿון דער הלואה. מיר מוזען אויפֿ־בויען זעהר אַ גרויסע צאָהל הייזער פֿאַר די אַרבייטער, מיר מוזען האָבען אונצעהליגע מאַשינען און אַרבייטס־געצייג, גרויסע מאַסען בוי־שטאָף און רויה־מאַטעריאַל, וועלכע זיינען איצט געשטיגען אין פרייז. נעהמענדיג אין בעטראַכט אַזעלכע אונגעוועהנליכע הוצאות, וועט יעדער פֿערשטענדיגער לייכט מסכים זיין, אַז עס איז אַ אונגעהויערע פֿעראַנטוואָרטליכקייט צו נעהמען פֿאַר די דאָזיגע צוועקען פֿאָלקס־געלדער מיט וואָס פֿאַר אַ ניט איז התחייבות זיי צוריקצוצאָהלען.

די מיינונג, אַז מיט דעם שעהנעם לאָזונג פֿון אַ נאַציאָנאַלער הלואה וועלען מיר לייכטער עראָבערן די פֿאָלקס־סימפּאַטיע און גיך בעקומען די נויטיגע סומע, איז אויך אַ טעות. די געלד־יודען וועלען זיך ניט ערנסט בעציהען צו אַ אידעע, וואָס רופֿט זיך אָן הלואה, אין דער צייט, וואָס קיין צינזען צאָהלט זי ניט, און אויך בנוגע דעם קרן גיט זי אַ הבטחה אויף עטליכע צעהנדלינג יאָהר ארום. זיי וועלען האָבען טענות און אויסריידען, אַז דאָס וויל מען פשוט קלייבען נדבות אונטער מעהר פאַסיגע און ניט־ערנסט־געמיינטע הלואה־הבטחות. אַזאַ מין אַנשויאונג און בעציהונג מצד די יודישע פֿינאַנץ־קרייזען, ווי פֿאַלש און אונבעגרינדעט זי זאָל אויך ניט זיין, וועט געוויס ברייגגען גרויסען שאָדען פֿאַר דער אַרבייט, ווי אויך פֿאַר דעם עצם אידעע פֿון דער נאַציאָנאַלער הלואה, אַ שאָדען, וועלכען מען וועט אפשר יאָהרען־לאַנג ניט קענען פֿעריכטען.

דער לאָזונג פֿון אַ נאַציאָנאַלער הלואה וועט געוויס אויפֿגענו־מען ווערען מיט ליעבע און סימפּאַטיע צווישען די ברייטע יודישע פֿאָלקס־מאַסען. עס פֿרעגט זיך נאָר, אויב עס לאָזט זיך פֿעראייני־גען מיט דעם געוויסען צונויפֿצוקלייבען גרויסע סומען פֿון די אָרימע יודישע פֿאָלקס־מאַסען אויפֿ'ן יסוד פֿון הבטחות, פֿון וועלכע עס איז אונמעגליך צו זאָגען, אַז זיי זיינען דערפֿילבאַר.

* * *

צו דער נאַציאָנאַלער הלואה וועלען מיר קומען, און מיר וועלען זי וואַהרשיינליך אויך אדורכפֿיהרען מיט דעם בעסטען ערפֿאָלג — אָבער ניט איצט, נאָר אין עטליכע יאָהר אַרום, נאָכדעם ווי עס וועט אונז געלינגען צו שאַפֿען אין אונזער לאַנד

געוויסע נאָרמאַלע עקאָנאָמישע בעדינגונגען, זאָל אונז געלינגען אין א משך פֿון עטליכע יאָהר צו שאַפֿען אַ גרעסערע צאָהל פֿון עקאָנאָמישע ווערטהען, ווי למשל אייזענבאַהנען, האַפֿענס, עלעקטרישע סטאַנציעס, גרויסע קולטורווירטשע לאַנד־שטחים, וועלכע געהערען דעם אידישען כלל — דענסטמאָל ערשט וועלען מיר האָבען די נאַטירליכע און נאָרמאַלע מעגליכקייטען צו מאַכען הלואות. מיר וועלען דענסטמאָל האָבען אַ נאַציאָנאַלען פֿערמעגען, וועלכען מיר וועלען קענען גאַנץ אָדער טהיילווייז געבען אַלס נויטהיגע גאַראַנטיעס, ווי עס מאַכען אַלע אַנדערע נאָרמאַל־לעבענדע, קרעדיטפֿעהיגע נאַציאָנען. מיר מוזען אַלזאָ איצט פֿערציכטען אויף אַלע שעהנע נאַציאָנאַלע ראָמאַנטישע מאָמענטען, וואָס וואָלטען ענטשטאַנען צווישען די ברייטע אידישע פֿאָלקס־מאַסען דורך דער פּראָקלאַמירונג פֿון אַ נאַציאָנאַלע הלואה — און אָבלעגען דעם דאָזיגען פּראָיעקט אויף אַ שפּעטערען צייטפּונקט. פֿאַר אונז בלייבט איצט איבער נאָר דער נאַטירליכער וועג: צו אַפּעלירען צו יעדער יודיש האַרץ, צו יעדען יוד וועלכער האָט נאָך ניט פֿערלוירען דעם צוזאַמענהאַנג מיט זיין פֿאָלק, אַז ער זאָל ברענגען אַ געלד־קרבן פֿאַר דער גרויסער פֿאָלקס בעפֿרייאונג. מיר וועלען מיט אונזער בעסטען וויסען און געוויסען קענען זאָגען צו יעדער יודען, אַז מיר פֿערלאַנגען פֿון איהם נישט קיין נדבה. עס האַנדעלט זיך אין ווירקליכקייט וועגען דער שאַפֿונג פֿון אונזער ערשטען נאַציאָנאַלען פֿערמעגען אין אונזער היסטאָרישער היים. מיט דעם דאָזיגען פֿרייוויליגען פֿאָלקס־קאַפּיטאַל וועלען מיר אַדורכפֿיהרען יענעם געוואַלטיגען אַרבייטס פּלאַן אין פּאַלעסטינאַ, וועלכער וועט ברענגען אונזער פֿאָלק גרויסע עקאָנאָמישע ווערטהען און בעדייטענדע רייכטימער. די דאָזיגע פֿאָלקס־מתנה איז פֿאַר אונז דערפֿאַר די ערשטע נויטהווענדיגע גרונדלאַגע פֿאַר דער פֿערווירקליכונג פֿון אונזערע צוקונפֿטיגע נאַציאָנאַלע הלואות.

כדי אָנצוהויבען די גרויסע עפֿענטליכע אַרבייטען אין ארץ ישראל מוזען מיר, ווי געזאָגט, לויט דער ערקלערונג פֿון אונזערע ספּעציאַליסטען, בעזיצען אַ פֿערמעגען פֿון ניט ווייניגער ווי 25 מיליאָן פֿונט שטערלינג. מיט דעם דאָזיגען קאַפּיטאַל וועלען מיר זיין ביכולת

אַריבערצופֿיהרען יעדעס יאָהר עטליכע צעהנדליג טויזענד יודען קיין ארץ ישראל. עס ענטשטעהט פֿאַר אונז איצט די פֿראַגע: ווי אַזוי וועט אונזער פֿאָלק רעאַגירען אויף אַזאַ מין פֿאָדערונג? צי איז פֿאַרהאַנען די מעגליכקייט צו בעקומען פֿון דעם יודישען פֿאָלק אַזאַ מין גרויסען קאַפּיטאַל?

אויף די דאָזיגע פֿראַגען קענען מיר מיט אַ רוהיגען געוויסען געבען די קלאָרע תשובה: דאָס יודישע פֿאָלק וועט פֿאַרשטעהען די בעדייטונג פֿון דעם איצטיגען היסטאָרישען מאָמענט און וועט אָנשטרענגען אַלע זיינע כחות און מעגליכקייטען צו דערפֿילען זיין מענשליכען און נאַציאָנאַלען חוב. יעדער דענקענדער יוד פֿערשטעהט היינט, אַז עס האַנדעלט זיך וועגען זיין צוקונפֿט. גאַנץ בעזונדערס וועלען פֿאַרשטעהן דעם דאָזיגען חוב די טהיילען פֿון אונזער פֿאָלק, וועלכע זיינען גליקליכערווייזע פֿערשוינט געוואָרען פֿון דעם בלוטיגען חורבן, וואָס האָט אין גאַנצען צו־שטערט דעם מזרח־יודענטום. מיר וואָלטען דאַרפֿען פֿערצווייפֿלען אין זיך אַליין, ווען מיר וואָלטען קענען צולאָזען דעם געדאַנק, אַז די שרעקליכע טראַגעדיעס, וועלכע האָבען זיך פֿאַר אונזערע אויגען אָבגעשפּיעלט אין יודישען לעבען, זאָלען ניט גאַנץ דערשיטערען און אויפֿרודערען דאָס האַרץ און געוויסען פֿון יעדען דענקענדען און פֿיהלענדען יוד.

צוויי מאָמענטען זיינען פֿאַרהאַן אין אונזער אַרבייט, וועלכע וועלען רעדען אַ קלאָרע און שטאַרקע שפּראַך צום אידישען האַרץ און פֿערשטאַנד. ערשטענס, די אינטערנאַציאָנאַלע אַנערקענונג פֿון אונזער רעכט אויף ארץ ישראל; און צווייטענס די שרעקליכע פֿער־צווייפֿעלטע לאַגע, אין וועלכע עס געפֿינען זיך מיליאָנען פֿון אונזער פֿאָלק.

כמעט צוויי טויזענד יאָהר דענקט און חלום'ט אַ פֿאָלק וועגען זיין אַלטער היים. זיין היסטאָריש לאַנד איז אין משך פֿון יאָהר־טויזענדע געוועזען די גרויסע שעפֿערישע אידעע, וועלכע האָט איהם פֿערבונדען מיט זיין הוה און עתיד. דער געדאַנק אָן דאָס לאַנד איז געוועזען דער קוואַל פֿון זיין טרייסט און האָפֿנונג, פֿון זיינע תפלות און טרעהרען, פֿון זיין פּאָעזיע און ליטעראַטור, פֿון זיין קונסט און וויסענשאַפֿט, פֿון זיין לעבען און קעמפֿפֿען. דער

גערדאַנק אָן ארץ ישראל איז אַן אונערשיטערליכער און אונצושטער־באַרער פֿאָלקס־אידעאַל אינ׳ם יודענטום. ער איז ביי אונז דער אייביגקייטס־גערדאַנק, דער קווינטעסענץ פֿון דער יודישער פֿאָלקס־פסיחאָלאָגיע. צוויי טויזענד יאָהר איז דאָס פֿאָלק געשטאַנען איינזאַם און פֿערלאָזען אין זיינע האָפֿנונגען, פֿערשפּאָטעט און פֿעראַכטעט אין זיינע הייליגסטע אידעאַלען, פֿערצווייפֿעלט אין זיינע נאַטירליכסטע מענשליכע היימאַטס-געפֿיהלען. דאָס דאָזיגע פֿאַרשפּאָטעטע און דערנידריגטע פֿאָלק דערלעבט אַ אונגעוועהנליכען מאָראַלישען נצחון, אַ טריאומף פֿאַר זיינע פֿאָלקס־שטרעבונגען און פֿרייהייטס-אידעאַלען: די גאַנצע קולטור וועלט, כמעט אַלע גרויסע און קליינע מלוכות פֿון אייראָפּאַ און אַמעריקאַ, ביז צו די וויטע מדינות פֿון כינאַ און יאַפּאַן, פּראָקלאַמירען און אַנערקענען דאָס רעכט פֿונ׳ם יודישען פֿאָלק אויף זיין אַלטע היסטאָרישע היים. פֿאַר יעדעס פֿאָלק, וועלכעס פֿערמאָגט נאָך זיין גוף און זיין נשמה, וועמענס נאַציאָנאַלער קיום איז נאָך ניט גאַנץ אָבגעשטאָר־בען, מוז אַזאַ מין מאָמענט ברענגען אַ תקופה פֿון גייסטיגער ווידעראויפֿלעבונג, פֿון פּאָליטישער בעגייאונג, פֿון גרעסטע קרבנות און מסירות־נפש. מיר צווייפֿלען ניט דאַרין, אַז אויך דאָס יודישע פֿאָלק וועט אַזוי פֿערשטעהען און בעגריסען דאָס נייע קאַפּיטעל אין זיין געשיכטע און אַזוי רעאַגירען אויף דעם גרויסען מאָמענט.

איז עס נאָך נויטיג אָנצואווייזען וואָס פֿאַר אַ אונגעהייערע בעדייטונג די ארץ־ישראל פֿראַגע האָט פֿאַר די דערשלאָגענע פֿערצווייפֿעלטע יודישע פֿאָלקס־מאַסען? עס איז איצט ניט פֿאַר־האַן קיין איינציגער קרייז אינ׳ם יודענטום, וועלכער זאָל ניט האָבען דאָס שטאַרקסטע מיטגעפֿיהל מיט די ליידען פֿון אונזערע ברידער, און ניט האָבען דעם אויפֿריכטיגען האַרציגען וואונש צו פֿאַרגרינ־גערען לויט זיינע כחות און מעגליכקייטען דעם פֿינסטערען שיק־זאַל פֿון אונזערע געפּייניגטע ברידער און שוועסטער. קיינמאָל איז ביי יודען דאָס סאָציאַלע געוויסען ניט געוועזען אַזוי שטאַרק עמפּפֿינדליך און אַקטיוו. דאָס פֿאַרשטענדעניש און בעדערפֿעניש צו העלפֿען און צו ראַטעווען אונזערע פּאָגראָם-קרבנות איז געוואָרען אַ לעבענדיגער טהייל פֿון דער יודישער גערדאַנקען־וועלט. ער איז געוואָרען דער יסוד פֿון דער יודישער מאַסען-פּסיחאָלאָגיע. יעדערער־

ווערט פֿאַרשטעהן וואָס עס הייסט אין איצטיגען מאָמענט, בעת הונדערט טויזענדער פֿון יודען שטעהען און וואַרטען נאָר מיט דער שרעקליכסטער אונגעדולד אויף די ערשטע מעגליכקייט צו אַנטלויפֿען פֿון זייערע מערדער און פיינינגער, און דאָס אין אַ צייט בעת אַלע לענדער זיינען פֿאַר די דאָזיגע אומגליקליכע קרבנות אין גאַנצען פֿערשלאָסען — וואָס עס הייסט אין אַזאַ מאָמענט, צו שאַפֿען אַ מקום־מקלט פֿאַר צעהנדליגער טויזענדער יודען יעדעס יאָהר. דאָס איז אַזאַ מין אונגעהיירע פֿאָלקס-הילף, וועלכעס ווערט מוזען בעריהרען יעדער יודיש הארץ.

* * *

זיך שטיצענדיג אויף די דאָזיגע טהאַטזאַכען, מוזען און קענען מיר געהן צום פֿאָלק און פֿערלאַנגען פֿון איהם, אַ ל י י ן צו רעאַליזירען די גרויסע זעלבסט־הילף. מיר מוזען און קענען פֿון יעדער יודען פֿערלאַנגען גרויסע און שווערע געלד־קרבנות. די איינציגע שעהנע ווירדיגע תשובה וואָס אונזער פֿאָלק מוז געבען אויף די דאָזיגע פֿאָרדערונג איז: מ ע ש ר! מעשר פֿון גאַנצען פֿאָלק! יעדער יוד זאָל אָבגעבען אַ צעהנטען טהייל פֿון זיין פֿאַרמעגען, פֿון זיין האָב און גוטס אויף'ן מזבח פֿון דער פֿאָלקס־בעפֿרייאונג. מעשר — געהערט צו די שעהנסטע סאָציאַלע פֿאָלקס-מנהגים פֿונ'ם אַמאָליגען יודענטום. לאָמיר בענייען און אויפֿפֿרישען דעם דאָזיגען שעהנעם געדאַנק, מיט מעהר קראַפֿט און אַרבייטספֿרייד, מיט אַ גרויסער אָרגאַניזירענדער און פֿעראייניגענדער מאַכט, צו מאַכען דערפֿון איינע פֿון די גרעסטע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע טהאַטען. דאָס וועט זיין די תשובה, וועלכע דאַרף איצט געגעבען ווערען פֿאַר אונזער פֿאָלק און לאַנד.

צאָהלרייכע פֿאַקטען פֿון דעם יודישען לעבען אין איראָפּאָ און אַמעריקאַ קענען דיענען אַלס דער בעסטער בעווייז דערפֿאַר, אַז דאָס יודענטום איז ביכולת און בכח צו שאַפֿען אַזאַ ריעזיגען פֿאָנד פֿאַר אַ גרויסער פֿאָלקס־זאַך. לאָמיר נעהמען אַלס ביישפיעל די כאַראַקטעריסטישע ערשיינונג פֿון דעם יודישען לעבען אין רוסלאַנד אין די מלחמה־יאָהרען 1914-1915, בעת די שרעקליכע גירושים פֿון ליטאָ און פוילען. אַ נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפֿע איז אויסגעבראָכען אין דער יודישער גאַס. צעהנדליגע טויזענדער יודען,

פֿאַרטריבענע און פֿליכטלינגע, זיינען געווען אין דער שרעקליכסטער נויט־לאַגע. אַ גרופּע פֿון יודיש־נאַציאָנאַלע עסקנים און כלל־טהוערס אין מאָסקווא האָבען פֿערשטאַנען, אַז אין דעם דאָזיגען שווערען מאָמענט קען געבראַכט ווערען אַ מעהר אָדער ווייניגער גענוג־גענדע הילף נאָר דורך אויסערגעוועהנליכע מיטלען, דורך די אָרגאַני־זירונג פֿון אַלע לעבענדיגע כחות און דורך אַ ברייטע אויפֿקלערונג פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג. די גרופּע האָט זיך גענומען נאָר פֿאַר אַ טהייל פֿון דער אַרבייט, און האָט עס אַוועקגעשטעלט פֿאַר איהר אויפֿגאַבע צו אָרגאַניזירען די דריי אידישע קהלות פֿון מאָסקווא, פּעטראָגראַד און קיעוו. פֿון די דאָזיגע דריי קהלות האָט מען פֿערלאַנגט צו איבערנעהמען די התחייבות אָבצוצאָהלען אין אַ משך פֿון דריי יאָהר צעהן מיליאָן רובעל. די דאָזיגע סומע איז, ביי דעם דעמאָלדיגען נאָרמאַלען קורס פֿון רובעל, במעט אַלעמען פֿאָרגעקומען פֿאַר אונגעוועהנליך גרויס און פֿאַנטאַסטיש. באמת, האָבען מיר געזעהן, אַז די יודישע בעפֿעלקערונג אין די דאָזיגע דריי שטעדט האָט אין משך פֿון דעם דערמאָנטען פּעריאָד אָבגעצאָהלט, מעהר ווי צעהן מיליאָן רובעל! ווייל מען האָט גערעדט צו די יודען מיט דער ריכטיגער שפּראַך. מען האָט זיי אויפֿגע־קלעהרט אַז דאָ האַנדעלט זיך ניט וועגען נדבות, אַז עס געהט אין דעם קיום פֿון גרויסע טהיילען פֿון אונזער פֿאָלק. די יודישע בעפֿעלקערונג האָט פֿערשטאַנען איהר חוב.

מיט טיעפֿען בעדויערונג מוזען מיר זיך פֿרעגען: וואָס איז דערגרייכט געוואָרען מיט דער דאָזיגער קאָלאָסאַלער סומע צוזאַמען מיט די אַנדערע גרויסע געלד סומען? געוויס, עס איז דערמיט געטהאָן געוואָרען אַ גרויסע זאַך. צעהנדליגע טויזענדער יודישע פֿליכטלינגע האָבען בעקומען אַ טרוקען שטיקעל ברויט כדי זיך צו ראַטעווען, לכל הפחות, פֿון הונגער־טויט. קיין שום קאָנסטרוק־טיווע אַרבייט אָבער האָבען מיר דערמיט ניט געשאַפֿען. מיר האָבען פֿאַר די אומגליקליכע יודישע מאַסען אפילו קיין איינציג הויז ניט אויפֿגעבויט, ניט האָבען מיר געשאַפֿען פֿאַר זיי וועלכען ניט איז מקום־מקלט, וואו זיי זאָלען קענען געפֿינען שוץ און אַ ביסעל מנוחה פֿון זייערע ליידען און פֿערפֿאָלגונגען. די צעהן מיליאָן רובעל, וועלכע בלויז דריי יודישע קהלות האָבען דענסמאָל איינגעצאָהלט,

מאַכען אויס גאַנצע צעהן פּראָצענט פֿון דער 25 מיליאָן פֿאָנד־סומע, וועלכע דאָס יודישע פֿאָלק האָט נויטיג אין איצטיגען מאָמענט. יעדער פֿאַרשטענדיגער מענש מוז זיך פֿרעגען: היתכן, אַז דאָס יודענטום וועט איצט ניט פֿאַרשטעהן זיין חוב, בעת אונזער טראַגעדיע איז אונפֿערגלייכליך גרעסער און שרעקליכער איידער אין די ערשטע מלחמה־יאָהרען, בעת עס האַנדעלט זיך וועגען אַזאַ וויכטיגער, גראַנדיעזער, קאָנסטרוקטיווער פֿאָלקס-אַרבייט פֿון אויפֿבויען הייזער, פֿון פֿערשאַפֿען לאַנד און אַרבייט פֿאַר הונדערט טויזענדער יודען און לעגען דעם גרונדשטיין פֿאַר דער פֿרייער יודישער נאַציאָנאַלער היים אין זיין אייגען לאַנד? קיין ספק ניט, וועלען מיר פֿערשטעהען דאָס פֿאָלק צו אָרגאַניזירען אַזוי, אַז אין יעדען יודיש הויז זאָל אויפֿפֿלאַקערען דאָס הייסע געפֿיהל פֿון ליעבע און טרייהייט צו אונזער פֿאָלק, וועט דענסמאָל דער גאַנצער יודישער כלל, אַלע טהיילען און שיכטען פֿונ'ם יודישען פֿאָלק, געהעריג אָבשאַצען דעם מאָמענט און דערפֿילען דעם גרויסען חוב.

III.

אונזער פּראָגראַם איז דערפֿאַר קלאָר: אונזער אויפֿגאַבע אין דער איצטיגער שעה איז, צו שאַפֿען דעם קרן-היסוד, דער גרונד-קאַפּיטאַל, דעם פֿאָנד, וועלכער וועט זיין דער גרונד-שטיין צום אויפֿבוי פֿונ'ם לאַנד, דער גרונד-שטיין פֿאַר דער בעשאַפֿונג פֿון דעם יודישען קאַפּיטאַל און יודישער אַרבייט, און פֿונ'ם נייעם יודישען נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישען לעבען.

די פֿאָרמען, ווי אַזוי צו בעשאַפֿען דעם דאָזיגען גרויסען פֿאָנד מוזען געבילדעט ווערען אויף פֿערשיעדענע אופנים. דער יסוד פֿון די דאָזיגע פֿאָרמען מוז זיין: דער פֿאָלקס-שטייער.

אַלס די הויפּטזעכליכסטע און אויבערשטע פֿאָרם פֿון דעם פֿאָלקס-שטייער מוזען מיר פּראָקלאַמירען דעם פֿאָלקסטימליכען געבאָט פֿון מעשר. יעדער פֿערמעגליכער יוד זאָל שענקען אַ צעהנטעל טהייל פֿון זיין פֿערמעגען פֿאַר דעם יודישען פֿאָלק.

ביי דער דורכפֿיהרונג פֿון דער דאָזיגער פֿאָרדערונג קענען ענטשטעהען פֿערשיעדענע שוועריגקייטען. ערשטענס, אַסך יודישע סוחרים אָדער אַנדערע פּערזאָנען וועלען מורא האָבען דורך דעם אָבצאָהלען פֿון אַ צעהנטעל טהייל פֿון זייער פֿערמעגען, אַרויסצו־

ווייזען דערמיט זייער געשעפֿטס־געהיימנים, מחמת זייער אָבצאָהלונג קען דערוויזען דעם בעשטאַנד פֿון זייער גאַנצען קאַפּיטאַל. מיר וועלען דערפֿאַר אַרויסשטעלען אונזער מעשר־פֿאָרדערונג אַזוי, אַז קיינער זאָל ניט האָבען דערביי קיין שום חשש. מיר וועלען פֿערלאַנגען, לכל הפחות, אַ צעהנטעל טהייל פֿונ'ם פֿערמעגען — פֿערשטעהט זיך, אַז יעדערען בלייבט פֿריי די דאָזיגע סומע צו פֿערגרעסערען. אויף אַזאַ אופֿן וועט די אָבצאָהלונג ניט קענען דיענען אַלס בעווייז פֿאַר דעם ווירקליכען קאַפּיטאַל־בעשטאַנד פֿון דעם צאָהלער.

אַסך פּערזאָנען וועלען אָבער, ניט קוקענדיג אויף זייער גוטען ווילען, ניט זיין ביכולת אָבצוצאָהלען מיט איינמאָל זייער מעשר־חיב. בפרט, מוז מען זיך דערמיט רעכענען בנוגע צו די געשעפֿטסלייט און סתם רייכערע סוחרים, וועלכע קענען ניט אַרויסנעהמען אַ צעהנ־טעל טהייל פֿון זייער פֿערמעגען, ניט אַרויסרופֿענדיג דערמיט אַן ערנסטע סכנה פֿאַר זייער געשעפֿטליכען קיום. עס איז דערפֿאַר נויט־ווענדיג, אַז אין אַזעלכע פֿאַלען זאָל די אויסצאָהלונג פֿונ'ם מעשר־חיב ווערען פּראָלאָנגירט אויף אַ משך פֿון 3 ביז 5 יאָהר. פֿער־שטעהט זיך, אַז די דאָזיגע התחייבות מוז אָבער געגעבען ווערען אין אַ פֿאָלשטענדיג־געאָרדערטער יורידישער פֿאָרם, לויט דעם וועקסעל־געזעץ פֿון יעדען לאַנד, אַזוי אַז מען זאָל קענען די דאָזיגע התחייבות'ן איבעראַל דיסקאָנטירען אָהן שום שוועריגקייטען.

מאַנכער וועט אין דער פּראָלאָנגאַציאָנס־פֿאָרם זעהן אַן אונ־ויבערען שריט פֿאַר דער אונטערנעהמונג און פֿאָרטזעצונג פֿון אונ־זערע פּאַלעסטינאַ אַרבייטען. ער וועט מיינען, אַז אַ אויף עטליכע יאָהר פּראָלאָנגירטע צאָהלונג קען ניט זיין קיין סאָלידע גרונדלאַגע פֿאַר זאָפֿאָרטיגע גרויסע אַרבייטען. אַזאַ השערה האָט אָבער קיין שום גרונד ניט. מיר ווייסען, אַז אין דער געשעפֿטס־וועלט ווערען זעהר אָפֿט אַדורכגעפֿיהרט די גרעסטע אָפּעראַציאָנען אויפֿ'ן יסוד פֿון לאַנג־צייטיגע קרעדיטען, אָפֿט פֿון יאָהרען־לאַנגע טערמינען. דער עיקר איז, אַז דער יסוד פֿון דער זיכערקייט איז געשיצט און גאַראַנטירט. אויף אַזאַ אופֿן וועלען מיר אָהן שום ספק די פּראָלאָנגירטע מעשר־אָבצאָהלונגען געוויס קענען אויסנוצען און רעאַליזירען פֿאַר אונזער זאָפֿאָרטיגער אַרבייט.

גרויסע שיכטען פֿון יודישען מיטעלשטאַנד, די מאַסען פֿון די

יודישע בעלי-בתים, וועלען מוזען אויף אַן אַנדער אופן צוגעצויגען ווערען צום מעשר-חוב. דער יודישער מיטעלשטאַנד, וועלכער בילדעט אַ בעדייטענדען טהייל פון דער גרויסער יודישער פאָלקס-מאַסע, וועט אַם שטאַרקסטען פיהלען און פערשטעהן די וויכטיגקייט פון דער דאָזיגער פאָלקסטימליכער אַרבייט, און וועט געוויס נעהמען אַ וואַרימען אַנטהייל אין די אָבצאָהלונגען. ביי די דאָזיגע עלעמענטען קענען מיר אָבער ניט רעכענען אויף די אָבצאָהלונגען אין פאָרם פון אַ פערמעגען-שטייער, ווייל גרעסטענטהיילס געהערען זיי צום פערמעגענסלאָזען קלאַס. דאָ וועלען מיר מוזען איינפיהרען דאָס סיסטעם פון דער הכנסה-שטייער. דער דאָזיגער מעשר-שטייער דאַרף ווערען אַדורכגעפיהרט אויף פראָגרעסיווע אופנים, פון איינס ביז צעהן פראָצענט פון דער הכנסה, לויט די פרנסות און די הכנסות פון די אָבצאָהלער.

די פערטהיילונג פון דעם מעשר-שטייער אין צוויי קלאַסען, אין אַ קאַפּיטאַל-שטייער און הכנסה-שטייער איז נויטווענדיג. ביי די יודישע קאַפּיטאַליסטען און ביי דער רייכער סוחר'ישער וועלט, וועט די בעשטייערונג פון די הכנסות בשום אופן ניט זיין אַדורכפיהרבאַר. קיין סוחר וועט ניט גערן וועלען אָנווייזען דעם מאַסשטאַב פון זיינע הכנסות, און ער וועט דערפאַר ליעבער וועלען דערפילען זיין חוב מיט אַ איינמאָליגער אָבצאָהלונג. אָבער אויך אַ אַנדערער וויכטיגער גרונד מאַכט עס פאַר דרינגענד נויטווענדיג זיך צו האַלטען אָן דעם סיסטעם פון דער קאַפּיטאַל בעשטייערונג: דער פראָגראַם פון אונזערע פאַלעסטינאַ-אַרבייטען צווינגט אונז אַזוי גיך ווי מעגליך איינצוקאַסירען וואָס מעהר-געלד סומען. אונזערע אויפבוי אַרבייטען קענען ניט וואַרטען און אָבגעלייגט ווערען אויף יאָהרען. מיר קענען ניט אַזוי לאַנג וואַרטען, ביז מיר וועלען צונויפקלייבען דעם גרויסען פאָנד בלויז דורך הכנסות-שטייערן. די גרויסע נאַציאָנאַלע פאָלקס-הילף מוז וואָס גיכער אָרגאַניזירט ווערען, און מיר מוזען וואָס גיכער זאַמלען אונזערע כחות און מיטלען וואו מיר קענען זיי נאָר בעקומען.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מיר פאָדערען אַ-מתנה פון'ם פאָלק פאַר'ן פאָלק, מוז דער פאָליטיש-נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פון דער מעשר-אידעע אונאויפהערליך בעטאָנט ווערען. דער יסוד

פֿון דער גאַנצער פּראָפּאַגאַנדאַ מוז זיך אויפֿבויען אויף דעם קלאָרען בעוואוסטזיין פֿון די ברייטע יודישע פֿאָלקס־מאַסען, אַז עס האַנ־דעלט זיך דאָ ניט וועגען אַ צדקה־זאַך, אפילו ניט וועגען אַ הילפֿס־זאַך אין געוועהנליכען זין פֿון וואָרט. מיר מוזען די מעשר־אידעע פּראָקלאַמירען אַלס אונזער ערשטע נאַציאָנאַלע סובסקריפּציאָן. אַ נייער געדאַנק און אַ נייער רצון מוז אויפֿגעלעבט ווערען אין אַלע קרייזען פֿון אונזער פֿאָלק. אין בעוואוסטזיין, אַז דאָס געהט אין לעגען דעם גרונדשטיין פֿאַר'ן שאַפֿען אַ נייע עפּאָכע אין דער יודישער געשיכטע, וועט די מעשר-אידעע ווערען דער פּאָפּולאַרער לאָזונג, וועלכער וועט אַרויסרופֿען די ביז-אַהער אונבעקאַנטע פֿאָלקס-ענערגיען, און דער שאַפֿענדער גייסט פֿון אַלט־נייעם יודענטום וועט זיך אַרויסווייזען אין זיין גאַנצער גרויסקייט.

* * *

פֿאַר די ציוניסטען שטעהט יעצט אַ שעהנע און גרויסע אויפֿגאַבע. מיר ווענדען זיך ניט נאָר צו די ציוניסטען, מיר אַפּעלירען צום גאַנצען פֿאָלק. דאָך פֿערלאַנגען מיר פֿון דעם ציוניסט אין דעם איצטיגען מאָמענט אַ מעהר באַשטימטע און קאָנקרעטע בעציהונג. יעדער ציוניסט איז איצט מחויב צו דערפֿיהלען די אויפֿגאַבע פֿון אַ פּיאָניר פֿון דער מעשר-אידעע. דורך זייערע טהאַטען און קרבנות מוזען די ציוניסטען איצט דיענען אַלס אַ ביישפּיעל פֿאַר'ן גאַנצען פֿאָלק. זיי מוזען ווערען די פֿאָרקעמפּפֿער און די אידעען-טרעגער פֿון דער נאַציאָנאַלער סובסקריפּציאָן. דורך אַ מסירת-נפש'דיגע אַרבייט, דורך זייער גרויסאַרטיגע געלד-קרבנות מוזען זיי בעווייזען אַלע שיכטען פֿון אונזער פֿאָלק מיט וואָס פֿאַר אַ גרויסען מאַשטאַב עס מוז איצט צוגעטראָטען ווערען צו אונזער היסטאָרישער נאַציאָנאַל-סאָציאַלער ווידעראויפֿלעבונג.

די דאָזיגע גראַנדיעזע זעלבסט הילף־אידעע וועט אין איהר שעהנקייט און גרויסקייט ווערען די אָרגאַניזירענדע און זעלבסט בע־בעפֿרייענדע מאַכט, פֿאַר אַלע טהיילען פֿון אונזער פֿאָלק. דאָס וועט זיין די נאַציאָנאַלע טהאַט וועלכע וועט בענייען און אויפֿלעבען מוטה און האָפֿנונג צווישען אונזערע דערשלאָגענע און פֿערצווייפֿעלטע פֿאָלקס-מאַסען. די אַדורכפֿיהרונג פֿון דער מעשר-אידעע וועט זיין

איינע פֿון אונזערע גרעסטע היסטאָרישע דעמאָנסטראַציעס, וועלכע וועט מוזען האָבען אויך אַ אונגעהיירע פּאָליטישע בעדייטונג אין דער יודישער און ניט יודישער וועלט.

די אַרבייטען און די פּראָפּאַגאַנדאַ-טהעטיגקייט אַרום דעם 25 מיליאָנען פֿאָנד וועט בעשעפֿטיגען אַלע אונזערע אַקטיווע כחות און וועלען מוזען אָבשוואַכען יעדערע אַנדערע טהעטיגקייט לטובת וויכטיגע פּאַלעסטינאַ אויפֿגאַבען, וועלכע ווערען שוין איצט אויס־געפֿיהרט. אין דער ערשטער רייהע איז עס שטאַרק נוגע דעם יודישען נאַציאָנאַל־פֿאָנד, וועלכער איז איינע פֿון אונזערע שעהנסטע און ערפֿאָלגרייכסטע פּאָפּולערע אינסטיטוציעס און ער טאָר דערפֿון בשום אופן ניט ליידען. געוויס, וועט די אַלגעמיינע טהעטיגקייט לטובת דעם יודישען נאַציאָנאַל־פֿאָנד, די שטענדיגע געלד זאַמלונגען, ווערען ווי געוועהנליך פֿאָרטגעזעצט. טראָצדעם אָבער וועלען אַ סך כחות מוזען ווערען אָבגעלענקט פֿון איהם. עס וועט דערפֿאַר זיין נויטיג צו שליסען אַ אָבמאַך מיט דעם נאַציאָנאַל־פֿאָנד, וועלכער זאָל איהם גאַראַנטירען אַ בעשטימטע הכנסה פֿון דעם 25 מיליאָנען פֿאָנד. מיר רעכענען, אַז אַ צעהן-פּראָצענטיגע אָבצאָהלונג וועט בערוהיגען און בעפֿרידיגען אַלע פֿריינד און מיטאַרבייטער פֿון דעם יודישען נאַציאָנאַל־פֿאָנד, וועמענס ראָליע און אויפֿגאַבע אין ארץ ישראל איז איצט שוין אַ בעדייטענדע און וועלכע וועט נאָך אַ סך גרעסער זיין אין דער צוקונפֿט.

דער 25 מיליאָנען פֿאָנד וועט אויך מוזען איינאָרדענען אונזער אַלגעמיינעם פּאַלעסטינאַ בודזשעט. עס איז אַ אוננאָרמאַלער צו־שטאַנד, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן מוז דעקען דעם בודזשעט פֿון אַלגעמיינע יודישע אינסטיטוציעס, ווי למשל, שוהלען, שפּיטאָלען, יתומים הייזער, מושבי־זקנים, און נאָך אַ גרויסע צאָהל פֿון זעהר וויכטיגע סאָציאַלע און וואָהלטעטיגע אַנשטאַלטען. עס וועט מוזען אַדורכגעפֿיהרט ווערען אַ שטרענגע שיידונג צווישען דעם בוד־זשעט פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און די אַנדערע אויפֿגאַבען פֿון אַלגעמיין יודישער נאַטור. דער בודזשעט פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע וועט מוז ווערען געדעקט פֿון די שקלים און וועט ניט האָבען קיין שום שייכות צו דעם 25 מיליאָנען פֿאָנד.

די אַרבייטען פֿאַר דער שאַפֿונג פֿונ'ם 25 מיליאָנען-פֿאָנד טאָרען

איך נים טראָגען דעם כאַראַקטער פֿון שטענדיגע זאַמלוּנגען, נאָר זיי וועלען מוזען, לויט די יסודות פֿון יעדער נאַציאָנאַלער סוּבסקריפּציאָן, זיין בעגרעניצט אין אַ בעשטימטען טערמין. די גאַנצע אַרבייט מוז ווערען אַדוּרכגעפֿיהרט און אָבגעשלאָסען אין אַ משך פֿון אַ געוויסען פּעריאָד. צוליעב דעם דאָזיגען צוועק וועלען מיר בעשטימען אַ יאָהר צייט. דער אָנהויב פֿון דער נאַציאָנאַלער סוּבסקריפּציאָן דאַרף פֿייערליך פּראָקלאַמירט ווערען פֿון דער צייט אָן, בעת עס וועט ווערען כאַנקציאָנירט דער מאַנדאַט איבער ארץ-ישׂראל און עס וועט זיין נייטיג אָבצוּשליסען די זאַמלונגען צו דעם קומענ-דען ציוניסטישען קאָנגרעס.

צו דער דאָזיגער צייט מוזען מיר צוגרייטען אַלע אונזערע לעבענדיגע כחות. אין אַלע טהיילען, און אַלע שיכטען פֿון אונזער פֿאָלק וועלען מיר זיי זוכען און געפֿינען. שטרעבענדיג צו פֿער-ווירקליכען איינע פֿון אונזערע גרעסטע שאַפֿענדע און אויפֿבויענדע נאַציאָנאַלע דעמאָנסטראַציעס, וועלען מיר דערקלערען און פֿאָרדערן אַ נאַציאָנאַלע מאָביליזאַציאָן פֿון אַלע אונזערע אַקטיווע עלעמענטען, אין אַלע יודישע שטעדט און קהלות פֿון דער גאַנצער וועלט. דאָס גאַנצע פֿאָלק מוז גערופֿען ווערען אין דער גרויסער שעה. מיר גלויבען, אַז דאָס פֿאָלק וועט פֿערשטעהן, אַז איצט איז די צייט, ווען עס מוז ערוואַכען און נעהמען זיין גורל אין זיינע אייגענע הענד.

אונזער דור האָט זוכה געווען צו אַ גרויסער בעגליקענדער אַרבייט, צו לעגען דעם גרונדשטיין פֿון אַ נייעם פֿרייען לעבען פֿאַר אונזער פֿאָלק. פֿון דעם דאָזיגען גאולה-מאָמענט האָבען גע'חלום'ט הונדערטער פֿון דורות. זאָל דער דור וואָס האָט זוכה געווען צו דערלעבען און פֿערווירקליכען די שעהנע גאולה-תקופה, דורך זיינע מעשׂים בעווייזען, אַז ער איז ווערטה דעם זכות. זאָל אין דער גע-שיכטע פֿון אונזער פֿאָלק בלייבען פֿערשריעבען, אַז דער גרויסער מאָמענט האָט געפֿינען אַ גרויסען ווירדיגען דור.